אחד מאלף אלפים ורבי רבבות מנוראותך רק על
חסדך ועל אמתך לבי בוטח כי עדיך כל בשר
יבואו וידך מלהושיע לא תקצר ורחמיך על כל
מעשיך חונים מקרני ראמים עד ביצי כנים מגביה
שפלים ומרנן לב אומללים מקים מעפר דל
וצדקתך עומדת לעד לא תחדל · משביע רעבים
גומל טובות לחיבים מרוה צמאים ומושיע נדכאים
וזוקף כפופים ומלביש ערומים ויחפים מתיר
אסורים וממלא חסרים קרוב לנשברים פוקח
עורים אוהב ענוים ומשמח דודים ארך אף
לצדיקים ולרשעים ועובר על פשעים עזרה
בצרות ומקשיב עתירות הולכי דרכים ואשר על
ערש דוי שוכבים ולאסירי עוני וברזל להציל גזול
מיד גוזל ולתש כח ולנרדף להצילו מיד רודף
מרחם

שטארקייט · אונ ווער קען מאכן הערן איינס פון טוזינט מאל טוזינט · אונ
צעהן טוזינט מאל צעהן טוזינט פון דיין פארכט נאר מיין הארץ הט זיך פר זיכערט
אוף דיין גינאד אונ דיין ווארהייט דען פאר דיר קומן אלי בשעפניש אונ דיין
מאכט איז ניט קורץ פון צו העלפן אונ דיין דער בארימקייט רועט אוף אלי דייני
ווערק פון אלי העכסטע ביז אלי דיא נידעריגסטע בשעפניש דוא מאכסט הוך: דיא
גידריגע אונ מאכסט זינגן דס הארץ פון די פר שניטעני אונ עס ווערט קיין מאל
ניט פר מיטן דו מאכסט זאט דיא הונגעריגע אונ די דארשטיגי · גיסט גוטס אפילו
צו דיא שולדיגע מאכסט זאט די דארשטיגי אונ העלפסט צו די פר שטוסיני אונ
ייטעלסט אוף דיא איין גיבוגיני · אונ באקלייעדסט די נאקיטי אונ בארוויסע ·
דו מאכסט אפין די גבונדינע אונ דר פילסט די ליידיגע דו בוסט נאהינט צו די צו
בראכינע אונ דו האלסט אוף דיין צארן צו רשעים · אונ פאר נעמסט די נבעט


פון

מרחם עניים ואביונים וקורא דרור לשבוים ולגרים
ולתושבים לכורמים וליוגבים כמאמרו יתנו
השמים רביבים לאיל כי תערוג על אפיקי מים
ולעורב כי ילדיו אל אל ישועו ועיניהם ישאו אל
אל בשמים חיה וגם בהמה רמש וצפירים כולם
אליך ישברון אמש ובבקרים · ומי ימלל גבורתך
וחסדיך יספר כי מלכים ושופטי ארץ תפלתם
ברגע תקשיב מחשבתם הטובה בלי להפר תבוא
אליך גם תפלתי ושועתי כי נגדך כל תאותי ·
האומנם כי איני אף כנמלה ואין בפי מלה אך
אתה לכל דורשיך מחסה ועוז מגדול עוז ביום
עברות בעת יקרו הקורות על כן לא נירא בהמיר
ארץ ובמוט הרים בלב ימים כי אתה הוא מלא

רחמים

פון די וואס גייען אין די וועגן · אונ פון די וואס ליגן שלאף · אונ פון די וואס זענן
גבונדן אין פיין אונ קייטן · צו בשירמן דעם גרובטן פון דר האנט פון זיין רובר ·
אונ צו דעם וואס איז שלאף אין קראפט אונ ווערט נאך גיאגט ביסטו אים מציל
פון דר האנד פון זיין נאך יאגיר אונ ווערקען דר צייגן דיין שטארקייט אונ דיין
גינאר דען אלי דיא מלכים אונ דיא שופטים פון דער וועלט פר נעמסטו זייער
גיבעט אין איין אוגן בליק דוא שעמסט ניט אונ פאר אומווערדיגסט ניט זייער
גבעט · אזו אוך זאל קומן פר דיר גיבעט אוך מיין אונ מיין גשריי · דען אלץ איז
אנטקעגן דיר בקענט · פר וואר בין איך דען ניט אזו גוט ווי איין מילב דען איר
בשערסטו אוך איר שפייז · נייערט צוא אלי דייני פארשטר ביסטו אבשיצר אונ
שטארקייט גליך אזו אשטארקר טורעם צו אלי וום פארכטן זיך אין דעם טאג פון
צארן אין דר צייט ווס אז עס טרעפט זיך זיי די בייזע טרעפונג דרום אזו וועלן
מיר זיך ניט פארכטן אז דיא ערד וועט ווערן פאר ביטין אונ אז דיא בערג וועלן
גנייגט ווערן אין מיטין די ימים · ווייל דו ביסט פיל מיט דר בארימקייט · אונ ביי

דיר

רחמים ועליך כל באי עולם תשועתם ולך נאה
להשיב אסירי תקותם אשר שתו בך בטחונם
אליך נשאו עינם הושיעה נא והצליחה דרכי אשר
אנכי הולך עליה הצילה מחרב נפשי ומיד כליה
ואם נפשי בתוך לבאים אשכבה לוהטים אשר
עקלקלות מטים משמרים הבלי שוא האומרים
להן לאו אל תאסוף עם חטאים נפשי עם אנשי
דמים חיי וראשי : כי אתה המבטיח אשר לא
יבושו קויך הבוגדים ריקם ואכלו את חוקם על
אדמתם ופרי מעלליהם כאשר הם ראוים · ואתה
מאריך אפים לצדיקים ולרשעים ונהיה בשמך
נושעים והושע לעבדך זה אשר בשמך הגדול
קורא · כי עמך הסליחה למען תורא :

יהי

דיר איז דיא הילף פון דר גאנצר וועלט · אונ צוא דיר איז שיין ווידר צו קערן די
געפאנגני וואס זייא טוען זייער האפנונג צוא דיר אונ הייבן אוף צו דיר זייערי אויגן·
איך בעט דיך העלף אונ באגליק מיין וועג וואס איך וועל גיין · זיי מציל מיין
לייב פון דער שווערד אונ פון אלי פאר דארבונג · אונ ווען מיין לייב זאל ליגען
צווישן דיא לעמפרטן דאס מיינט מען דיא ווילדי מענטשן וואס זיי פלאמן נאך
בייזקייט אונ גייען זיך אין די קרומע וועגן אונ היטין נאר פאלשקייטי וואס צוא יוא
זאגן זייא ניין זאלסטו נית טאן מיין לייב צווישן די בלוט שולדיגע מענטשן
זאל נית ווערן גטאן מיין לעבן אונ מיין קאפ · ווארום דוא האסט פר זיכערט דאס
די וואס האפן צוא דיר וועלן נית פר שעמט ווערן אונ דו האלסט אוף דיין צארן
צו די צדיקים אונ צו די רשעים לאמיר גהאלפן ווערן דורך דיין נאמן אונ העלף
דיין קנעכט דעם דאזיגן וואס רופט אן דיין גרויסן נאמן · דען ביא דיר איז דר
פר געבונג פון וועגן דו זאלסט ווערן פארכטעט :

יהי

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יי אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁתּוֹלִיכֵנִי
לִדְרָכַי לְשָׁלוֹם וְתִסְעָדֵנִי לְשָׁלוֹם וְתִסְמְכֵנִי
לְשָׁלוֹם וְתַצִּילֵנִי מִכַּף כָּל אוֹיֵב וְאוֹרֵב וְלִסְטִים
בַּדֶּרֶךְ וּמְשׁוֹלְלִים וּמְשׁוֹדְדִים וְגַנָּבִים וְגַזְלָנִים
וְחַמְסָנִים וְחַטְפָנִים וְרַמָּאִים וְשׁוֹסֵי דְרָכִים בֵּין בַּיּוֹם
בֵּין בַּלַּיְלָה וּשְׁבוֹר וּגְעַר וְהָפֵר כָּל עֲצָתָם וְקַלְקֵל
מַחְשְׁבוֹתָם וְכָל דְּפָגְעִין בִּי יְהוֹן מוּשְׁבָּעִין בְּשֵׁם
אֶהְיֶה דְּלָא יַבְאִישׁוּן לִי וְיִתְאַסְרוּן פּוּמְהוֹן בְּאַסּוּרִין
דִּנְחָשָׁא וּבְשַׁלְשְׁלָאִין דְּפַרְזְלָא וְתִסְתַּתְּמוּן עֵינֵיהוֹן
בְּעִזְקְתָא דְאֵל שַׁדַּי תֵּאָלַמְנָה שִׂפְתוֹתֵיהֶם מִדַּבֵּר
תֶּחְשַׁכְנָה עֵינֵיהֶם מֵרְאוֹת וּמָתְנֵיהֶם תָּמִיד הַמְעַד
מֵעֲמוֹד וּמִדַּבֵּר וּמֵהִתְעוֹרֵר נֶגְדֵּינוּ וְנֶגֶד כָּל אֲשֶׁר לָנוּ
וּבְכָל מָקוֹם שֶׁנֵּלֵךְ וְנָבוֹא וְנִכְנוֹס וְנֵצֵא שָׁם תְּהֵא
הֲלִיכָתֵנוּ וּבִיאָתֵנוּ וִיצִיאָתֵנוּ וּכְנִיסָתֵנוּ וַעֲמִידָתֵנוּ
וְשִׁבְתֵּנוּ וְכָל מַעֲשֵׂינוּ לְטוֹבָתֵנוּ וְלִזְכוּתֵנוּ וּלְהַנָאָתֵנוּ
לְתוֹעַלְתֵּנוּ

יְהִי עס זאל זיין אוויל פון פר דיר גאט מיין גאט אונ דר גאט פון מיינע עלטערן דז
דו זאלסט מיך פירן אין מיין וועג צו פריד אונ זאלסט מיר העלפן אונ אונטר לעהנען
צו פריד אונ זאלסט מיך מציל זיין פון אלי פיינד אונ לויערר אונ גזלנים אויף דעם
וועג אונ רויבערס אונ גנבים אונ פר צוקערש אונ בטריגערש אונ די וואס רויבן אויף
די וועגן סיי ביי טאג אדר ביי נאכט אונ צו ברעך אונ שריי אן אונ בצווינג אלי
זייער טראכטן אונ ראטן ביוז אונ די אלי וואס וועלן מיך בגעגינן זאלן זיין בשוואָרן
מיט דעם שם אהיה זיי זאלן מיר קיין בייז טאן אונ פון אויס צו טראכטן קענען אונז
אונ קענן אלי וואס צו אונז געהער אונ אין אלי ערטער וואס מיר וועלן גיין אונ קומן
אונ אריין גיין אונ ארויס גיין דארט זאל אונזר גיין אונ קומן אונ אונזר אויס גיין
אונ

לְתוֹעַלְתֵּנוּ וְתוֹצִיא לַמֶּרְחָב אוֹתָנוּ וּתְבִיאֵנוּ אֶל מְחוֹז חֶפְצֵנוּ בְּלִי שׁוּם נֶזֶק וְצַעַר וְשֶׁבֶת וּבשֶׁת וּבְלִי שׁוּם חִסָּרוֹן וְהֶפְסֵד וְתַכְנִיסֵנוּ בְּנוֹי וּבְנוֹעַם בְּחֵן בְּחֶסֶד וּבְכָבוֹד וְנָבוֹא בְּשַׁלְוָה וּבְמַשְׁמַנֵּי מְדִינָה וְנִמְצָא חֵן וְשֵׂכֶל טוֹב בְּעֵינֵי כָּל שׁוֹמְעֵינוּ יְשִׂישׂוּ כֻּלָּם לִקְרָאתֵנוּ לְהַזְמִין לָנוּ רְצוֹנֵנוּ וּלְהַשְׁלִים לָנוּ חֶפְצֵנוּ וְהַעֲמִידֵנוּ בְּשָׁלוֹם וּבְהַשְׁקֵט וּבְבִטְחָה בַּהֲלִיכָתֵנוּ וּבַחֲזָרָתֵנוּ וְקַיֵּם בָּנוּ מִקְרָא שֶׁכָּתוּב יְיָ יִשְׁמָרְךָ מִכָּל רָע יִשְׁמוֹר אֶת נַפְשֶׁךָ יְיָ יִשְׁמָר צֵאתְךָ וּבוֹאֶךָ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם · וְתִשְׁמְרֵנִי בַּדֶּרֶךְ הַזֶּה אֲשֶׁר אָנֹכִי הוֹלֵךְ עָלֶיהָ וְתִתֵּן לִי לֶחֶם לֶאֱכוֹל וּבֶגֶד לִלְבּוֹשׁ וְהַמְצִיא לִי רְוָחָה וְהַצְלָחָה כְּדֵי לְפַרְנֵס בְּנֵי

ביתי

אונ אַריין גֵיין אונ שְׁטֵיין אונ אונזֶר זִיצֶן אונ אַלִי אונזְרִי ווערק זָאלֶן זַיין צו גוּטְן אונ צו אונזֶר זְכוּת אונ הֲנָאָה צו אונזֶר הִילְף אונ בְּרֵיינְג אונְז מִיט דֶער טַייטֶערוּנְג צו דֶעם אָרְט ווָס מִיר בֶּגֶערְן אָן אֵיין שום צַער אונ שָׁאדֶן אונ פַר זַאמוּנְג אונ שַׁאנְד אונ אָן שום חִסָּרוֹן אונ שָׁאדֶן · אונ בְּרֵיינְג אונְז אַריין מִיט שֵׁיינְקֵייט אונ מִיט זִיסְקֵייט מִיט חֵן אונ מִיט לַייט זֶעלִיקֵייט מִיט כָּבוֹד אונ מִיר זָאלֶן קוּמֶן מִיט שַׁלְוָה אִין דֶר פֶעטֵיקֵייט פוּן דֶר מְדִינָה אונ מִיר זָאלֶן גִיפִינֶן חֵן אונ גוּט פַאר שְׁטַאנְד אִין דִי אוֹגֶן פוּן אַלִי ווָס ווֶעלֶן אונְז הֶערְן · זֵייא אַלִי זָאלֶן זִיךְ פְרֵייאֶן קֶעגֶן אונְז · אָן צו גְרֵייטְן אונְז אונזֶער ווִילְן אונ צוּא טָאן אונזֶער בּאגֶער אִין גַאנְצֶן אונ זָאלְסְט אונְז שְׁטֶעלֶן מִיט פְרֵייד אונ שְׁטִילְקֵייט אונ זִיכֶרוּנְג אִין אונזֶער הִין גֵיין אונ צו רִיק גֵיין · אונ לָאז אָן אונְז מְקוּיָּם ווֶערֶן דֶר פָסוּק ה' יִשְׁמָרְךָ וכו' גָאט ווֶעט דִיךְ הִיטֶן פוּן אַלֶעם בֵּייזֶן עֶר ווֶעט הִיטֶן דַיין לַייב גָאט ווֶעט הִיטֶן דַיין אוֹס גֵיין אונ דַיין קוּמֶן פוּן אִיצוּנְד בִּיז אֵייבִּיג · אונ זָאלְסְט מִיךְ הִיטֶן אִין דֶעם דָאזִיגֶן ווֶעג ווָאס אִיךְ גֵייא · אונ זָאלְסְט מִיר גֶעבֶּן בְּרוֹט צו עֶסְן אונ קְלֵיידֶער אָן צו קְלֵיידְן אונ שִׁיק מִיר דֶער טַייטֶערוּנְג אונ בּאגְלִיקוּנְג דָאס אִיךְ זָאל קֶענֶן שְׁפֵּייזֶן מַיין הוֹיז גֶזִינְד מִיט רוּא

ביתי בנחת ובשופי במלוי וברוח בכל צרכיהם ולחונן אביונים ודלים ועניים ולעשות מצות וצדקות בישראל ואשוב בשלום אל ביתי ואל מכוני ותגן עלי ברחמיך הרבים להושיעני למענך ולמען זכות הצדיקים והחסידים הקבורים פה ולמען זכות כל צדיקי וחסידי עולם ואל תשיבני ריקם מלפניך : יהיו לרצון אמרי פי והגיון לבי לפניך יי צורי וגואלי :

כד ווען איינר פארט אוף דעם פעלט אונ קומט צוא איין בית החיים דא זאל ער זאגן די תפלה וואס שטייט אין סימן א דער נאך צדיקי יסודי עולם דר נאך דיא תפלה פון סימן ד שלום עליכם נשמות הטהורים · דער נאך די תפלה פון סימן כג שלום עליך אתה שארי :

כה דיא תחנה זאל מען זאגן אזעלכער וואס קומט פון ווייטן לאנד אונ גייט אוף קברי אבות :

שלום עליך את נשמה טהורה · אשר חוצבה מלהבות אש בת יקרה · טמון באישקא מבעא לה הבורא · עד זמן

אונ שטילקייט מיט עולקייט אונ דר נוויטערניש אין אלי זייער בדערפניש · אונ צו לייט זעליגן ארימי אונ נוט בדרפטיגע אונ צו טאן מצות אונ צדקות · אונ זאל מיך אום קערן מיט פריד צו מיין הוז אונ מיין וואונונג אונ זאלסט בשיצן אוף מיר מיט דיין פיל דר בארימקייט מיר צווא העלפן · אונ דאס זאל גאט טאן פון דיין זכות וועגן אונ פון וועגן דעם זכות פון די צדיקים אונ חסידים וואס זענן דא באגראבן · אונ פון וועגן דעם זכות פון אלי צדיקים אונ חסידים פון דער וועלט · אונ זאלסט מיך ניט ווידר קערן ליידיג פון פר דיר עס זאל זיין צו ווילן די רייד פון מיין מול אונ דיא גדאנקן פון מיין הארץ פאר דיר גאט מיין באשעפר אונ מיין אום לייזר :

שלום פריד אוף דיר דו ריינע נשמה וואס זיא איז אום געהאקט געווארן אום פלאם פייער פון דר ווערדיגע שטול · דער באשעפר הט זיא פר בארגן אין איין געבענטשינס לייב · ביז דר צייט וואס זיא איז ווארן פון אים אפ געשניטן · אונ איז

אֲשֶׁר מֵאִתּוֹ גְּזוּרָה • וְיָצְאָה וְהָלְכָה וְהָיְתָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים צְרוּרָה
אֶת יְיָ הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא • לִמְקוֹמָהּ הָרִאשׁוֹן הִיא שָׁבָה אָז וְחָזְרָה •
אַחֲרֵי אֲשֶׁר הָיְתָה כְּשַׁלְהֶבֶת בִּפְתִילָה קְשׁוּרָה • וּלְנֶפֶשׁ אָדָם
הָיְתָה צְרוּרָה • הוּא הַנֶּפֶשׁ הַזָּךְ וְנָקִי וּמוּפְלָא בְּטָהֳרָה אֲשֶׁר
הָיָה לְכֻלָּנוּ נֵזֶר וַעֲטָרָה וּמִמֶּנּוּ נִתְמַלְּאוּ כָּל בָּתֵּינוּ אוֹרָה
הַמְשׁוּבָּח וְהַמְפוֹאָר בְּכָל מִינֵי שֶׁבַח וְתִפְאָרָה נֶפֶשׁ הַהֲדוּרָה :
וּבַעֲוֹנֵינוּ וּלְמַעֲלָתוֹ גְּוִיָּתוֹ מִמֶּנּוּ נֶעְדְּרָה • בָּלָה בְּאַרְעָא הָאִי
שׁוּפְרָא עַל זֶה דָּוָה לִבֵּנוּ וְעַל אֵלֶּה חָשְׁכוּ עֵינֵינוּ מֵאוֹרָה : וְעַתָּה
הִנֵּה עָנִיתִי בְּדֶרֶךְ כּוֹחִי לַעֲבוֹר מַעְבָּרָה מַהֵר לְגִבְעָה וּבְרָאשֵׁי
הֶהָרִים וַאֲפִּוּם נַהֲרָא עַד שֶׁמָּצָאתִי אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי הַמָּרָה •
בִּקַּשְׁתִּיו וְלֹא מְצָאתִיו לְעֵין שֶׁמֶשׁ בָּרָה • רַק בִּמְעָרַת צוּרִים
וּבִמְחִלַּת עָפָר בְּבֵי קִבְרָא נַפְשִׁי יָצְאָה וְנָקְטָה עָלַי מֵרוֹב צַעֲרָא •
זָכוֹר תִּזְכּוֹר וְתָשׁוֹחַ עַד שֶׁיִּתְפַּקְּקוּ כָּל חוּלְיוֹת שֶׁבַּשִּׁדְרָה לְנֶשֶׁק

פון אים אוועק גגאנגן אונ איז ווארן פאר בונדן אין דעם בונד פון לעבן • ביי טאג
דעם גרוסן אונ דעם פארכטיגן • זיא האט זיך אום גקערט צו איר ערשטן ארט •
נאך דעם אז זיא איז גוועזן אן גקניפט אין דעם מענטשן זיין לייב גלייך וויא
דער פלאם אין דעם קניטל • דאס איז גוועזן אריין אין איין לוטער לייב מיט
אוואונדערליך ריינקייט • ווס צו אונ אלי איז ער גוועזן איין קרון • אונ פון אים איז
ווארן דער פילט אלי אונזרי הייזר מיט ליכטיקייט • ער איז גוועזן גלובט אונ
בשיינט מיט אלערלייא לוב אונ שיינקייט דר שיינר לייב אונ דורך אונזערי זינד
איז זיין נשמה פון אונז אוועק גנומן גווארן צווא זיין בעסרקייט אונ דם דאזיגע
שיינקייט איז ווארן פר שלאסן אין דער ערד • דרוף טוט טרויערן אונזר הארץ
אונ אוף דעם דאזיגן איז ווארן פר פינסטערט אונזערי אוגן פון צו לייכטן אונ
אצונד האב גפיינגט מיין כח אין וועג אונ בין גפארן איבר טאל אונ בערג אונ
איבר וואסר ביז איך האב גפונען דעם וואס מיין ביטר לייב האט ליב • איך האב
אים גזוכט אונ האב אים ניט גפונן אונטר די קלארי שיין פון דר זון נייערט אין
איין הייל פון פעלזין אונ אונטר דיא הולי ערד אין גרוב אונ מיין זייל איז אויס
גיגאנגען אונ איך בין גווארן גמינערט ביי זיך זעלבסט פון וועגן גרוס צער •
אז איך גדענק דראן ווערט מיין לייב איין גבוגן ביז אלי מייני גלידער פון דעם
רוקן אונ איך וואלט גערן קושן די שטיינער פון דעם ארט אין דיא גילדינע ערד

אבני המקום ועפרות זהב דהאי בירא · כי נהפך עלי לבי נחמרו בני מעי הכבד והמרה ואזעק זעק והילל קול ענות חלושה ומרה · ומי יבא אחר המלך אשר כבר עשהו בגזרה ומי יאמר לו מה תעשה בפועל או באמירה כי אין לפני עולה ולא דבר סרה רק הכל מתוקן לסעודה ולתורה ונאמן הדין בכל אשר דן וגוזר ואומר תדירא : ואחרי שנשמתך הוא עולה וחוזרה לראות חורבת ביתה אשר היתה בו דרה ונצבה וגם קמה על קברה עתה באתי להתפלל עליך ועל נשמתך ההדורה במקום הזה אשר גופך בו שורה ולבקש על עצמותיך ינוחו על משכבותם שלמא תדירא ונשמתך יעלי יי אותה למעלה תחת כס יקרה אל תחת מקום מה נורא לגלות לה סודות עליונים וכל דבר סתרא משמותיו הקדושים ומלתא דמטמרא ולעטרה בעטרת שמחה ואורה והוא הוה והוא יהיה בתפארה עם צדיקי וחסידי עולם ואברהם ושרה ·

ותתענג

פון דעם גרוב · דען מיין הארץ איז ווארן פר קערט אין מיר מייני גדערים זענן ווארן איין גשרומפן דר לעבר מיט דר גאל · אונ איך טוא שרייען מיט אקלאג אונ אגרוס אונ אביטער גשריי · אבר ווער קען וואס אנטקעגן ריידן ווס דר קיניג הט גטאן מיט אגזירה · אונ ווער קען אים זאגן ווס האסטו גטאן מיט ווערק אדר מיט רייד · דען ביי אים איז ניט פר האנדן קיין אומרעכט אונ קיין פאלשקייט ; נייארט אלץ איז אן גבריים מיט רעכט פארטיקייט · אונ ער איז אלי צייט בגלייבט אין אליטן וואס ער משפט אונ איז גוזר אונ זאגט · אונ וויל דיין נשמה איז ארוף גגאנגן אונ קומט ווידר צוא זעהן דאס פר וויסטיקייט צוא איר הויז וואס זיא האט דרינן גוואונט · אונ שטעלט זיך אוף איר קבר דרוף צוא בעטן · אצונד בין איך גקומן צו בעטן פאר דיר אונ דיין שיינע נשמה אוף דעם דאזיגן ארט וויא דיין גוף רוהט · אונ צו בעטן פאר דיינע ביינר זייא זאלן זיין אוף זייער גלעגר אלי צייט מיט פרייד · אונ דיין נשמה זאל גאט אוף ברענגן אונטר דעם כסא כבוד · אונטר דעם ארט וואס דר זייער פארכטינגר איז · איר צוא אנטפלעקין די אובערשטי סודות אונ אלי פר בארגיני זאכן · פון זיינע הייליגי שמות אונ זעלכי זאכן ווס איז פר בארגן · אונ זיא צו קרוינן מיט איין קרון פון שמחה אונ ליכטיקייט · אונ גאט ב"ה ער איז תמיד אונ ער זאל זיין אין שיינקייט מיט די צדיקים אונ חסידים פון דער וועלט

ותתענג בתענוגים רמים ולמרבה המשרה ולקץ הימין תעמוד
לגורלך בעת אשר נאוה תהיה השרורה ותזכה ביום הדין
הגדול והנורא לחיי עולם הבא בצרור החיים להיות צרורה ·
ובכסא כבוד נקשרה ותפלתי אל חיקי תשוב לחזרה · לא
תכלא רחמיך ממני להעזרה ראה תראה בעני עבדך בן
אמתך אשר יגע כמה יגיעות ונתפזר בשערי הארץ כבמזרה
עד אשר הגיע למקום האי דירה לבקש ולחנן אותך במר
נפשי ולבי הנדכה ורוחי הנשברה · כעני בפתח השואל
ומבקש עזרה שתתפלל בעדי לאל אשר בשמים שכינתו
השרה הוא טהור וקדוש וכל משרתיו הם בקדושה ובטהרה
שיצילני מחרון אף זעם ועברה · וכל משלחת מלאכי רעים
וצוקה וצרה ומכל מחלה ומקרה וכל דבר דין קשה ורוע גזרה
ויפתח לבי בתלמוד תורה במקרא במשנה ובגמרא ובשאר
ספרי

אונ מיט אברהם אונ שרה אונ זאלסט זיך ווענפטיגן מיט הויכי תענוגים אונ מיט
גרוס הערשאפט אונ צו דער רעכטער צייט זאלסטו אוף שטיין צוא דיין גורל אין
דר צייט אז די וואס זענן שווארץ וועלן ווידר שיין ווערן · אונ זאלסט זוכה זיין
אין דעם גרויסן אונ פארכטיגן יום הדין צו דיא לעבן טאג פון עולם הבא צו זיין פר
בונדן אין דעם בונד פון לעבן · אונ אן גקניפט צו ווערן אין דעם כסא הכבוד אונ
מיין גבעט זאל מיר ווידער קומן אוף מיין שוס דיין רחמנות זאל ניט ווערן פאר
שטן פון מיר דס איך זאל קענען גהאלפן ווערן · דו זאלסט זעהן אין דעם פיין פון
דיין קנעכט דער זון פון דיין דינסט וואס ער האט זיך גמיהט פיל מידיקייט אונ איז
ארום גלאפן די טייטשע וועלט אונ איז ווארן פר שפרייט אין די שטעט ביז ער איז
גקומן צו דעם ארט פון דעם דאזיגן וואונונג · צוא בעטן דיך מיט מיין פר ביטרט
לייב אונ מיין פאר שטוסן הארץ אונ צוא בראכן גמיט גלייך וויא איין ארומאן ווער
[illegible] מיר אונ [illegible] דיך דאס דוא זאלסט בעטן פר מיר צו גאט וואס ער
דאס [illegible] רואן זיין שכינה אין הימל · ער איז ריין אונ הייליג אונ אלי זייני
בדינערס זענן ריין אונ הייליג דאס ער זאל מיך מציל זיין פון דעם צארן אונ פון
אלי גשיקטי בייזע שלוחים אונ פון צרות אונ לייד · אונ פון אלי קראנקהייט אונ
פרעשונג · אונ זאל עפענן מיין הארץ אין דאס לערנן פון דער תורה · אין פסוק אונ
משניות אונ גמרא אונ אין דיא איבריגי הייליגע ספרים אונ דיא סתרי תורה · אונ
זאל

ספרי קודש וסתרי תורה ויסייעני לעסוק במלאכת שמים
תדירא ויפרנסני מתחת ידו פרנסה מתוקה ולא מרה ויחייני
לראות בנים ובני בנים עוסקים בתורה ובמצות כשורה ולא
ימצא שום פסול ושמץ דופי ושחץ בזרעי ובזרע זרעי עד
גמירא ואראה בנוי האולם והבירה ואהיה מנוחלי שני
עולמות ורב טובו הצפון וטמירא ושלמא יהי לי עד זיבולא
בתרא ולא אמות מיתה פתאומית ובעורה ולא קשה כבפי
ושט פטורא רק כמשחל מחלבא שערה ותיכף הפרד נשמתי
תהא בצרור החיים צרורה ויצילני מכל דינים ועונשים
וגלגולים ומכל גזרה ולקץ הימין יעמידני לגורל יפה וברורה
ואתה תשוב נפשך למנוחתך לנוח מנוחה ישרה ובכל חודש
ושבת קרא מקרא ובכל חצות הלילות שהשכינה בגן עדן
עוברה קום קרא בעדי אל האל הגדול והנורא למהר הגזר
והצפירה

און זיר העלפן איך זאל קענן אלי צייט עוסק זיין אין גאטס דינסט. אונ זאל
זיך שפייזן פון זיין האנט מיט זיסע פרנסה אונ ניט קיין ביטערע. אונ זאל
זיך לאזן לעבן דאס איך זאל זוכה זיין צו זעהן קינדר אונ קינדס קינדר לערנן אין
דער תורה אונ טוען מצות וויא עס געהער צו זיין. אונ עס זאל ניט געפונען ווערן
אין מייני קינדר אונ קינדס קינדר ביז אין די אייביגקייט קיין שום פסול אונ קיין שום
שאנד פלעק אונ קיין לעסטערונג אונ איך זאל זעהן דם בית המקדש אויף געבויעט
אונ זאל זיין פון די וואס ארבן ביידע וועלטן אונ זיין פיל גוטס וואס איז באהאלטן אונ
באווארינט אונ עס זאל מיר זיין פריד ביז אין לעצטי לאבט עוד אונ זאל ניט שטארבן
פלוצלונג אונ ניט מיט אמיסן טויט. אונ ניט מיט איין שווערין טויט אז מען
ציהט אום איין דארן פון וואל גייערט וויא מען ציהט איין האר דורך די מילך
אונ וויא באלד מיין נשמה ווערט פון מיר דיך אם שיידן זאל זיא זיין פר בונדן אין
דעם בונד פון לעבן. אונ צו דר רעכטר צייט זאל ער מאכן אויף שטעלן צו גוטן
אונ אקלארן גורל. אונ דיין נשמה זאל ווידר קערן צו דיין רוא צו רוהן ארעכט
[illegible] רוא. אונ אלי ראש חודש אונ שבת זאל מען דיך אן רופן. אלע האלבע
נאכט וואס די שכינה גייט אין גן עדן. שטיא אויף רוף פון מיינעט וועגן צו דעם
גרוסן אונ פארכטיגן גאט. ער זאל איילן צוא געבן אונז דיא קרון אונ די צירונג.
אונ דער [illegible] וואס [illegible] ווערט גווועלטיגן וואס ער ווערט לייכטן ניין [illegible]

פערצייג

הצפירא וכוכבא דשביט מושלים להאירה שבעתים מאור החמה ברה ולזכנו לכל הנחמות ומראה הברורה אשר נסתכלו הנביאים באספקלריא המאירה ואשר עין לא ראתה לגומרה וישכון בדד בטח עין יעקב לבדו הוא ימלוך נורא והוא היה והוא הוה והוא יהיה בתפארה וברשותו אלך לי לדרכי בלי שום פחד ומורא והוא נסי ומנוסי מנת כוסי וצור חבלי בעת צרה ובידו אפקיד רוחי בעת אישן ואעירה ועם רוחי גויתי יי לי ולא אירא · אמן :

בו ווען איינער האט גטאן ריידן מיט איין מת אין חלום זאל ער גיין מארגן דר פריא אופן קבר פון מת אונ זאגן דאס :

רחמנא ידכרינך לשלמא את נשמה הטהורה והתמימה שלום להרוח ונפש שנתלבשת בו ושלום להגוף אשר היית בקרבו · אתה שלום וביתך שלום וכל אשר לך שלום · מעתה ועד עולם · יהי שלום בחילך שלוה בארמנותיך · בהסביך ובנוי

פערציג מאל אזו פיל וויא דיא קלארי זון י אונ מיר זאלן זוכה זיין צו אלי טרייסטונג אונ דיא קלארי זעהונג וואס דיא נביאים האבן גזעהן אין איין קלארן שפיגל אונ וועלכס וואס קיין אוג האט עס נאך גאר ניט גזעהן · אונ זאל מאכן רועז אליין זיכרליך דס גשטאלט פון יעקב · אונ דענטאלט וועט דער פארכטיגר גאט אליין קעניגן אונ ער איז גוועזן נאך איי דיא וועלט איז בשאפן גווארן אונ ער איז אצונד אונ ער וועט זיין אייביג מיט שיינקייט · אונ מיט זיין רשות וועל איך מיר גיין צו מיין וועג אן אנגסט אונ פארכט אונ ער איז מיין צייכן אונ מיין אנטלופונג אזי צו אים אונ די גאב פון אייער בעכר אונ וויא אשטארקר פעלזן אין דער צייט פון לייד · אונ אין זיין האנט גיב איך מיין זייל צו בהאלטן אין דר צייט אז איך שלאף אונ אז איך וואך אוף בין איך מיט מיין אטום אונ מיין לייב בנאנד גאט איז מיט מיר אונ איך טוא מיך ניט פארכטן פר קיינעם אמן ::

רחמנא דער דר בארמיגר גאט דיך גדענקן צו פריד · דו ריינע אונ גאנצי נשמה פריד איז צו דעם רוח אונ נפש וואס דו ביסט בקלייד גוועזן אונ פריד צו דעם גוף וואס דוא ביסט גוועזן אין אים · דו אונ דיין הוז גזינד אונ אלץ וואס צו דיר געהער זאלן זיין צו פרידן פון אצונד ביז אייביג זאל זיין פריד אין דיין וואנונג פון דיין פאלעס וויא אהין דוא וועקסט זיך קערן מיט דיין שיינם נאמן · אצונד

בנוי שמותיך · עתה באתי להתפלל על נשמתך · ויהי שלום מנוחתך בצרור החיים תהא נפשך צרורה ברשפי אש שלהבת יה קשורה להתענג בתענוגים מזיו מאור הגדול הגנוז לצדיקים בהיר הוא בשחקים במרכבת אש ונוהרקא דדהבא · יוליכו אותך מלאכי אש ולהבה · מחיל אל חיל ומישיבה לישיבה עד מחיצת אברהם יצחק וישראל סבא יגדל כבודך מעתה ועד עולם בכל הטובות ונחמות כולם אשר זולת אלהים עין לא ראתה מאז ועד עתה והנני באתי אל בית משכבך לדבר על לבך אל תשית כל עון ובל חטאת על כל דבר פשע אשר חטאתי עויתי ופשעתי ברשע בזדון או בשגגה אשר הייתי ברוחי הקשה הגה במעשה בדבור ובאמירה בגלוי או בטמירא והנה עניתי בדרך כחי כי נקטה עלי רוחי אחרי אשר עלה זכרונך לפני בחלום הלילה אמרתי הלא

דבר

בין איך גקומן בעטן פר דיין נשמה דאס עס זאל זיין פריד דיין רואונג אין דעם בונד פון לעבן זאל דיין נשמה זיין פאר בונדן · אין די פייערדיגע קולן פון דעם פלאם פון גאט זאל זיא פאר קניפט זיין צוא זענפטיגן מיט זענפטיקייט פון דעם זוסערקייט פון דעם גרוסן ליכט וואס איז בהאלטן צו די צדיקים · דאס ליכט לייכט אין די הימלן אין איין פייארדיגן רייט וואגען אין אגילדערני קאריטע זאלן דיך פירן די פייערדיגע אונ פלאמדיגע מלאכים · פון איין חברותה צו דר אנדרער אונ פון איין ישיבה צו דר אנדרער ביז די מחיצה פון אברהם יצחק ויעקב וואס ער ווערט גרופן דר אלטר ישראל · דיין כבוד זאל גרוס זיין פון אצונד ביז אייביג · מיט אלץ דאס גוטץ אונ אלי טרייסטונג וואס קיין אוג הט עס ניט גזעהן פון דעם אן פאנג ביז אצונד נאר גאט ברוך הוא אליין זעהט עס · אונ נון איך בין גקומן צו דעם הויז פון דיין גלעגר דיר צו זאגן דאס דוא זאלסט ניט אן נעמן קיין שום אום רעכט אונ זינד אוף אלי זינד וואס איך האב גזינדיגט אונ אום רעכט גטאן אונ בייזקייט במזיד אדר בשוגג וואס איך האב גפעלט אין מיין שווער גמיט · מיט ווערקין אדר ריידן אנטפלעקט אדר בהאלטן · אונ איך האב גיפיינגט אין וועג מיין כח דיא ווייל מיין גמיט איז אין מיר בטריבט · ווייל דוא ביסט מיר בייא נאכט צו חלום גקומן ; האב איך גטראכט דאס מוז דאך וואס בטייטן ווארום מען ווייזט אבערם ניט דעם מענטשן ביי נאכט נאר פון וואס ער האט גטראכט בייא טאג ·

דבר הוא כי אין מראין לאדם זולת הרהורי מלה דברתי אני
עם לבי לאמר אולי משגה הוא ודבר הצריך מחילה שמא
פגמתי בכבודו קזלזלה או שמא מן שמים הראו לי על דבר
אשר גזרו עירין וקדישין דעילי בלא בר למען עשה כיום היות
תשובה וצדקה לבטל גזרה דחוקה וכדי שלא יהי לבי נוקפי
מחלמין הלכתי אחריו לבית עלמין להשתטח על קברו מקום
אשר נטמן שם עצמו ובשרו ורוחו ונשמתו אותו יום יום
ידרושון אחד באחד יגשון ואומר נעניתי לך עצמות הגוף
הטהור והרוח ונשמת מאורי אור ואם לא דברתי ועשיתי
נכונה הכל היה שלא בכונה ואין עלי בדבר אשמה על שום
מה וכולהון יהון שרן שביקין ולא תתבע עלי שום דיקין
ואתה שובה למנוחתך ואני לא אבוא אחריך בשלום תהית
בעולם שאתה בו ואנכי לא אמוש מפה ואתה אל תקרב הלום

ואנחנו

האב איך ביא מיר זעלבסט גטראכט טאמר האב איך עפיס גזינדגט קעגן דיר אונ איך דארף דיר מחילה בעטן · דען טאמר האב איך פוגם גוועזן דיין כבוד אונ האב אים מזלזל גוועזן אדער טאמר האט מען מיר גוויזן פון הימל איין זאך וואס דיא וואכענדיגי אונ היילינע מלאכים וואס גייען ארויין צו דר שכינה אן רשות האבן זיא עפיס גוזר גוועזן אויף מיר פון וועגן איך זאל היינטיגן טאג תשובה טאן אונ צדקה געבן · אונ כדי מיין הארץ זאל ניט זיין בטרועט פון וועגן דעם חלום · בין איך נאנגן אויף דעם בית עולם צוא פר שפרייטן זיך אויף זיין קבר אויף דעם ארט וויא זיין בלוט אונ פלייש איז באהאלטן · אונ זיין רוח אונ זיין נשמה אים אלי טאג צוא פארשטן אונ וויל מיך צוא אים גנעהנן · אונ זאגן איך האב גירעט קעגן דיר די ביינר פון דעם ריינעם גוף אונ לעכטיגע נשמה · אונ אוב איך האב ניט רעכט גירעט אונ גטאן · איז דאס אלץ גוועזן אן מיין ווילן אונ מען קען מיך ניט באשולדיגן אויף קיינערליא זאך · אונ לאזן זיי אלי זיין פר געבן אונ פר לאזט אונ זאלסט ניט מאנן אויף מיר קיין שום בצאלונג אויף שטראף אונ דוא קער ווידר צו דיין רוא אונ איך זאל דיר ניט נאך קומן אונ פריד זאלסטו זיין אין דר וועלט וום דו ביסט דארט אונ איך זאל ניט ווערן אפ גטאן פון דער וועלט · אונ דוא זאלסט ניט גנעהנן אהער · אונ מיר זאלן ארויין גיין צוא איין גוט לעבן אונ צוא פריד · אונ אוב דו ביסט גקומן מיר עפיס אנזאגן מורדיג זיין פון מיינע [illegible]

דיינע

ואנחנו נכנס לחיים טובים ולשלום ואם באת דבר להודיעני
ממשפטי ודיני · קולי אל יי אקרא הנני יי חנני יבטל כל גזרות
רעות קשות ממני ויאריך ימי וזמני בטובה אולי אוכל לשוב
בתשובה ולא אשוב עוד לכסלה ולעשות תהלה ונפשי
הנבהלה מאוד בלב נפש ומאוד תעמוד נא בתפלה לפני אל
נורא עליה ירחם עליה ויכפר מעליה ויבטל כל גזרות
רעות ויעשה עמי לטובה אות והוא רחום יכפר לבנוי מעפר
ואפר וצל פחד בן חגר ויחנני ויאמר פדעהו מרדת שחת
מצאתי כופר ולא ישחית למען זכות אבות והברית והרבה
להשיב אפו וקצפו וזעפו ולא יעיר כל חמתו וישמרני נצח
מעברתו יי הושיעה מכל רע ופגיעה המלך מלכי המלכים
יעננו ויעשה בקשתינו · ביום קראנו אל יאמר נואש וירחם
עלינו וימלא משאלותינו במדה טובה ישועה ורחמים וחן
וחסד וחיים ושלום אמן:

יתברך

דיני וועל איך רופן מיט מיין צו קול גאט אונ וועלן זאגן · לייט זעלג מיך גאט
זיים זעלג מיך אונ זאל דר לייגרן מייני טעג אונ מיין צייט אין גוטס · טאמר
וועל איך קענן תשובה טאן אונ וועל ניט ווידר קערן מער צוא צוא נארשקייט אונ
טאן אזעלכע גישעפט אונ מיין לייב וואס איז זייאר דער שראקן דיא וועט שטיין
גיבעט מיט איר הארץ אונ לעבן אונ גוטס פר דעם גאט וום טוט פארכטיגע
דערקן ער זאל זיך איבר איר דר בארמן אונ זאל פאר געבן אירע ווערקן אונ זאל
טאן מיט מיר איין צייכן צוא גוטן אונ גאט וואס ער איז איין דער בארמיגר זאל
פאר געבן צוא דעם מענטשן וואס איז גיבויעט גיווארן פון ערד אונ אש אונ איז
וויא איין שאטן אונ לעבט אין פארכט אונ ווערט פאר שעמט · אונ ער זאל מיך
דער בארמן אונ זאל זאגן לייז אים אוס פון צוא גידערען אין גרוב איך האב פאר
אים גיפונן איין אוס לייזונג · אונ ער זאל ניט פאר דארבן פון וועגן דיא זכות
אבות אונ פון וועגן דיא תורה אונ זאל מערען ווידר צוא קערן זיין גרים צארן אונ
זיין צארן · אונ זאל ניט דער וועקן גאר זיין גרים צארן אונ זאל מיך היטן פון
זיין צארן אוף איביג גאט העלף פון אלעם בייזען אונ בגעגעניש דער קיניג זאל
אונז ענטפערן אונ זאל טאן אונזר גיבעט אין דעם טאג וואס מיר רופן אים אונ זאל
זיך מרחם זיין איבר אונז אונ זאל דער פילען אונזר גיבעט מיט איין גוטע מדה

ווען איינער האט איין זיך איין קראנקהייט זאל ער זאגן דיא תפלה :

יתברך עליון קדושתו בחביון ולו הגדולה והגבורה וההוד והתפארת כי כל בשמים ובארץ . ממנו משפט חרוץ ולו הממלכה והמתנשא לכל לראש ובידו כח וגבורה ובידו לגדל ולחזק לכל והוא מושל בכל האל הנאמן אב הרחמן הרופא לתחלואי עבדיו ומחבש למכאובי ידידו ומציל ממות נפש חסידיו ברוב חנינתו וחמלתו ישלח לי רפאות תעלה בתוך שאר חולי אומתו וימלט את נפשי משאולה ויסיר מעלי כל נגע ומחלה בזכות הצדיקים והחסידים השוכנים פה ובכל העולם ירחם השם ויגן עלי בגללם אנא אדון העולמים פנה אל תפלתי והבין הגיגי ואל תחרש לדמעתי ובבואי הנה להשתטח על קברי הצדיקים והחסידים האלו יגן זכותם וצדקתם עלי ועל כל ישראל ותרפאני בזכותם רפואה שלמה רפואת הגוף ורפואת הנפש ותחדש כנשר נעורי ותשלח לי ולכל חולי ישראל מרפא תרופה ותעלה מרפא חנינה וחמלה מרפא ידועים וגלוים מרפא רחמים ושלום וחיים מרפא אורך ימים טובים וישוב בשרי כבשר נער קטן ונפשי האומללה והנבהלה

אונ הילף אונ דער בארימקייט אונ חן אונ גנאד אונ לעבן אונ פריד אמן :

יתברך ער איז גילובט דער אייברשטער זיין הייליקייט איז אין פאר בארגנעש אונ צו אים איז דיא אכפרקייט אונ דאס שטארקייט אונ דיא לויב דאס שיינקייט דען אלץ וואס איז אין הימל אונ אוף דער ערד ווערט זיין משפט פון גאט אום גשניטן ׳ אונ צו אים איז דאס קיניגרייך אונ ער איז דער הובן צו אלע פאר איין ראש ׳ אונ אין זיין האנט איז דיא מאכט אונ דאס שטארקייט אונ אין זיין האנט איז איטליכען צוא גרויס אונ שטארק צו מאכן אונ ער גיוועלטיקט איבר אלע דער וואר האפטיגער גאט דער בארמיגער פאטר וואס ער היילט צו דר קרענק פון זיינע קנעכט אונ פלאסטערט צו דיא ווייטאג פון זיינע גליבטע אונ איז מציל פון דעם טויט דאס לייב פון זיינע חסידים מיט זיין פיל דער בארימקייט דער זאל מיר שיקן פולע רפואות צווישן דיא איברעגע קראנקע פון זיין פאלק אונ זאל מאכן אנטרינען מיין לייב פון דעם גרוב אונ זאל אפ טאן פון מיר אלע פלאג אונ קראנקהייט פון וועגין דעם זכות פון דיא צדיקים אונ חסידים וואס רוען דא אונ אוף גאר דער וועלט אונ פון זייערט וועגן זאל גאט זיך דער בארעמען אונ זאל בשיצן אוף מיר ׳ איך בעט דיך הער פון דיא וועלטן קער דיך צו מיין גיבעט אונ פאר שטייא מיין טראכטונג אונ זאלסט ניט שווייגן צו מיינע טרערן אונ עייל איך בין געקומן אהער מיך צו פר שפרייטן אוף די קברים פון דיא דאזיגע צדיקים

והגבהלת אל רפא נא לה והשב עורקי וגידי ועצמותי על מכונם ועל בריאותם כדי שאוכל לעבוד עבודתך בלבב שלם כי לא שאול תודך מות יהללך לא ישברו יורדי בור אל אמתך ותקיים בי ובכל חולי ישראל מקראות הכתובים בתורתך על ידי משה עבדך מפי כבודך כאמור ויאמר אם שמוע תשמע לקול יי אלהיך והישר בעיניו תעשה והאזנת למצותיו ושמרת כל חוקיו כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך כי אני יי רופאך׳ ונאמר ועבדתם את יי אלהיכם וברך את לחמך ואת מימך והסירותי מחלה מקרבך • ונאמר לא תהיה משכלה ועקרה בארצך את מספר ימיך אמלא • ונאמר והסיר יי ממך כל חולי וכל מדוי מצרים הרעים אשר ידעת לא ישימם בך ונתנם בכל שונאיך • ועל ידי עבדיך הנביאים כתוב לאמר אם תאבו ושמעתם טוב הארץ תאכלו ונאמר ואכלתם אכול ושבוע והללתם את שם יי אלהיכם
אשר

אונ חסידים זאל זייער זכות אונ זייער צדקות בשיצן אוף מיר אונ אויף אלע מענטשין אונ פון וועגין זייער זכות זאלסטו מיך היילן אגאנצע רפואה אין גוף אונ אין דר נשמה אונ זאלסט בנייאן מיין יוגענט אזו וויא איין אדלער אונ זאלסט שיקן מיר אונ אלע קראנקע איין רעכטע רפואה איין גבענטשטע רפואה איין לייטזעליגע אונ דער בארמיגע רפואה איין אנטפלעקטע רפואה איין רפואה פון דער בארימקייט אונ פריד לעבן איין רפואה פון לאנגע גוטע יאר אונ מיין לייב זאל ווערן אזו וויא דאס לייב פון אקליין קינד אונ מיין פאר שניטן אונ דער שראקין לייב בעט איך דיך גאט היילזיא אונ זאלסט מיינע אדערין אונ דיא ביינער ווידר שטעקן אוף זייער ארט אין זייער גזונד שאפט כדי איך זאל קענען דינען דיך מיט דעם גאנצן הארצן דען דיא גרוב אונ דער טויט קענין דיך ניט לובן דיא וואס נידערן אין גרוב טוען ניט האפן צו דיין ווארהייט אונ עס זאל מקוים ווערין אין מיר אונ אויך אין אלע קראנקע די פסוקים וואס שטייען גשריבן אין דער תורה דורך דיין קנעכט משה וואס ער האט עס געהערט פון דיין הערליך מויל וויא עס איז ווארן גזאגט ויאמר אם שמוע תשמע וכו׳ אונ ער זאגט אוב דוא וועסט צוא הערן צו דעם קול פון דיין גאט אונ וועסט טאן דאס וואס וואל געפעלט אין זיינע אויגן אונ וועסט פאר נעמן צו זיין געבאט אונ וועסט היטן אלע זיינע געזעץ זאגט גאט דיר צו • אלע קראנקהייט וואס איך האב געטאן אין מצרים • וועל איך אויף דיר ניט שיקן • דען איך בין דר גאט וואס היילט דיך • אין נאך שטייט אין דר תורה אונ איר זאלט דינען צו גאט אייער גאט דען וועט ער בענטשן דיין ברוט אונ וואסער אונ וועט אפ טאן דיא קראנקהייט פון צווישן דיר • נאך שטייט

אשר עשה עמכם להפליא ולא יבושו עמי לעולם ונאמר דרכיו ראיתי וארפאהו ואנחהו ואשלם נחומים לו ולאבליו · ונאמר בורא ניב שפתים שלום שלום לרחוק ולקרוב אמר יי ורפאתיו · ונאמר וזרחה לכם יראי שמי שמש צדקה ומרפא בכנפיה ונאמר אז יבקע כשחר אורך וארוכתך מהרה תצמח כי אעלה ארוכה לך וממכותיך ארפאך נאום יי · רפאני יי וארפא הושיעני ואושעה כי תהלתי אתה והעלה רפואה שלמה לכל מכותי כי אל מלך רופא נאמן ורחמן אתה וכל בני ביתי יהיו בכלל הרחמים ובכלל הרפואה ובכלל הברכה ובכלל השלום מעתה ועד עולם מלכנו ואלהינו אלהי כל בשר פדה אותי וכל ישראל מכל חלאים רעים ותצילנו ותשמח אותנו · עשה למען שמך עשה למען תורתך עשה למען צדקתך עשה למען קדושתך עשה למען מלאכי מרומים עשה למען ימינך למען יחלצון ידידך הושיעה ימינך וענני עשה למען ברית אבותינו אברהם יצחק ויעקב עשה למען משה ואהרן · עשה למען דוד ושלמה עשה למען זכות הצדיקים והחסידים

הגבור

גיצריבן עס וועט ניט זיין קיין פר ווארפן אונ קיין אונטראכטרין אין דיין לאנד די צאל פון דיינע טעג וועל איך דער פילן נאך שטייט אונ גאט וועט אפ טאן פון דיר אלע קראנקייט אונ אלע בייזע ווייטאג פון מצרים די וואס דו ווייסט · וועט ער זייא ניט טאן אין דיר אונ ער וועט זייא געבען אין אלע דיינע פיינד · אונ דורך דיינע קנעכט דיא נביאים שטייט גשריבן אזו צו זאגן אוב איר וועט וועלן אונ וועט צו הערן גאטס גיבעט וועט איר עסין דאס בעסטע פון דעם לאנד · אונ נאך שטייט גשריבן אונ איר וועט עסין אונ וועט זיין זאט אונ איר וועט לובן צו אייער גאט וואס ער האט מיט אייך גיגעבן וואונדער אונ מיין פאלק וועט אייביג מער ניט פאר שעמט ווערן · אונ נאך שטייט גישריבן איך האב גזעהן זיינע וועגין אונ וועל אים היילן אונ וועל אים פירן אונ וועל בצאלן טרייסטונג צו אים אונ צו די וואס האבן גטאן אויף אים טרויערין אונ נאך שטייט גישריבן ער בשאפט די רייד פון דיא לעפצן צו פרידי אונ עס וועט זיין פריד צו דעם ווייטן אונ צו דעם נאהענטן אונ איך וועל אים היילן אזו זאגט גאט · אונ נאך ווערט גיזאגט אונ עס וועט שיינען צו דיא וואס פארכטן זיך פאר מיין נאמן דיא זון פון גירעכטיקייט אונ זיא וועט היילין מיט אירע פליגעל · אונ נאך ווערט גיזאגט דענמאלט וועט דיין ליכט דורך ברעכן אזו וויא דער מארגען שטערן אונ דיין היילונג וועט באלד שפראצן · דען איך וועל דיר אויף ברענגין אין היילונג אונ פון דיינע שלעק וועל איך דיך היילען אזו זאגט גאט · היול מיך גאט וועל איך

הגבור והנורא ולהשתטח על קברם שיליצו עלי ועל כל ישראל זכותם וצדקתם שעשו בחייהם עשה למען כל הצדיקים והחסידים קדושים האלו השוכבים פה כי למען כבודם באתי הנה להלל לשמך הגדול הגבור והנורא ולהשתטח על קברם שיליצו עלי ועל כל ישראל זכותם וצדקתם שעשו בחייהם עשה למען כל הצדיקים והחסידים קדושים וקדושות הנקברים בכל העולם עשה למען שרה רבקה רחל ולאה והצילני מכל פגעים רעים ולבבי הנשבר הנדכה והנכאה הבט משמים וראה שברון רוחי ולבבי וכחישת חילי וקוצר רוחי כי תחת יופי המראות ובריאות בשר דלות ורעות תואר ורקות בשר ואברי צנומות שדופות קדים. ואחרי שתפלת החולה יפה לעצמו על כן מצא עבדך מקום להתפלל את התפלה והתחנה הזאת אף כי רוחי נמר ולא עמד בי טעמי ראה יי׳ כי צר לי מעי חמרמרו נהפך לבי בקרבי ממרום שלח אש

ועצן גיהיילט העלף מיר ועל איך ווערן גיהאלפען דען דוא ביסט מיין לויב. אונ ברענג אויף איין גאנצע רפואה צו אלע מיינע שלעק ווארום דוא ביסט גאט דר קינג איין ווארהאפטיגער דאקטער אונ איין דר בארמיגער ביסטו. אונ גאר מיין הויז גזינד זאלן זיין אין דעם כלל פון דער בארימקייט אונ היילונג אונ בענטשונג אונ אין דעם כלל פון לעבן אונ שלום פון אצונד ביז אייביג אונזר קינגע אונ אונזער גאט דער גאט פון אלע בשעפעניש ליוז מיך אוס מיט אלע מענטשן פון אלערלייא בייזע קראנקהייט אונ זאיי אונז מציל פון דעם אליטען אונ דר פרייא אונז. טוא עס פון וועגן דיין נאמן טוא עס פון וועגען דיין תורה. טוא עס פון וועגן דיין גירעכטיקייט טוא עס פון וועגען דיין היייליקייט טוא עס פון וועגן דיא דער בארמיגע מלאכים טוא עס פון וועגן דיין רעכטע האנט. פון וועגין דיינע גליבטע זאלן באשערמט ווערן העלף דיין רעכטע האנד אונ ענטפער אונז. טוא פון וועגן דעם פר בזנדן פון אונזרע עלטרן אברהם יצחק ויעקב. טוא פון וועגין משה אונ אהרן טוא פון וועגין דוד אונ שלמה טוא פון וועגן דעם זכות פון דיא דאזיגע צדיקים אונ חסידים וואס רוען דא דען פון וועגען זייער כבוד בין איך אהער גקומען צוצלובן דיין נאמען דעם גרוסען דעם שטארקען דעם פארכטיגען אונ זיך צו פאר שפרייטן אויף זייערע קברים דאס זייער זכות אונ זייערע צדקות וואס זייא האבין גיטאן בייא זייער לעבן זאל אויף מיר אונ אויף אלע מענטשין גוטס שפרעכן. טוא עס פון וועגן אלע צדיקים אונ חסידים דיא הייליגע פאנגבילען אונ ווייבער וואס זענין בגראבין אין דער גאנצר וועלט. טוא פון וועגין שרה רבקה רחל לאה אונ בשערים מיך פון אלע בייזע בגעגניש אונ מיין צו בראכע

איש בעצמותי נרדמה פרש רשת לרגלי הכשיל כחי בלה בשרי ועורי
חולנית פני ותארי זכור בוראי ימי בחורותי עד אשר לא תחשך השמש
והאור והירח והכוכבים ושבו אחרי הגשם העבים: והעלה רפואה
שלמה לכל מכותי ואל תזכור לי את אשר העוה עבדך ואשר הרעותי.
פנני והצילני ועד יעבור הוות בצלך תסתירני והיה לנו בעזרנו ותן בי
כח לשמור פקודיך וחוקיך וזכנו לשחר בית דביריך השמם והחרב
וללחוך עפרותיו ולרצות אבניו [illegible] ערבותיו ולהיות שם קבורתי עם
כל עבדיך הצדיקים וקבל ברחמים את תפלתי ואל תשיבני ריקם
מלפניך אמן:

כח וויא אנדערע לייט זאלין אוף איין קראנקין מתפלל זיין.

אונ צו שטוסען אונ נידערית הארץ זאלסט לוגען פון דעם הימל אונ נעה מיין צו
בראכן גמיט אונ מיין הארץ אונ דאס שוואכקייט פון מיין קראפט אונ מיין קורצין
אטום דען אוף דעם ארט וואס מיין גשטאלט איז גוועזן שיין אונ מיין לייב איז גוועזן
גזונד בין איך אצונד מאגער פון פלייש אונ מיין גשטאלט איז איבעל אונ שלעכט
אונ מיינע גלידער זענין אויס גבארט פאר מאגערקייט אונ וויל דם גבעט פון דעם
חולה איז פר אים ווייער גוט דאס קען פיל העלפן דרום אזו הט זיך דיין קנעכט אונטר
גשטאנדן צו בעטן די דאזיגע תפלה ווען אפילו מיין גשמאק איז פאר ביטן אזו
מיין פר שטאנד איז נים גבליבן אין מיר זעה גאט עס איז ענג מיינע גידערים
זענין ווארן איין גשרומפן מיין הארץ איז ווא.. פאר קערט אין מיר פון דעם הימל
איז ווארן גשיקט איין פייער אין מיינע ביינער אונ האט זייא צו בראכן ער האט פר
שפרייט איין נעץ צו מיינע פיס ער האט גשטרויכלט מיין קראפט. מיין פלייש אונ
מיין הויט איז ווארן פאר פולט מיין פנים מיט מיין גשטאלט איז ווארן קראנק.
גדענק מיין בשעפר מיינע יונגע טעג איידר די זון אונ דאס ליכט אונ די לבנה
אונ די שטערין זענין ווארין פינסטער אונ ברענג אויף איין רפואה שלימה צוא
אלי מייני שלעק אונ זאלסט מיר נים גדענקין וואס איך דיין קנעכט האב פאר
קריסט אונ ווס איך האב גטאן בייז עפין מיר אונ בשערם מיך אונ פאר בארג מיך
אין דיין שאטין ביז דאס לייד אונ ברעכניש וועט איבר גיין אונ זייא צו אונז אין
אונזער הילף אונ גיב מיר קראפט צו היטן דיין בפעהל אונ דיין גזעץ. אונ זייא מיך
מזכה צו פארשטן דיין בהמ"ק וואס איז פאר וויסט אונ פאר שטערט. אונ צוא
לעקין זיין ערד אונ צו בווילינן זיינע שטיינר אונ זיינע פר וויסטע שטיקר ערד.
אונ דאס איך זאל בגראבן ווערן מיט אזעלכע צדיקים אונ חסידים. אונ פאר נעם
מיט דער בארימקייט אונ ווילן מיין גבעט. אונ זאלסט מיר נים לאזן לידיג פון
דיר צוריק גיין אמן:

: יי אל רחום וחנון שמע אל התפלה והתחנון אשר עבדיך לפניך
מתפללים עבור החולה המוטל למטה כאלו העלוהו לגרדום לדון
חיש קל כאלו נטו ונסו הצללים . הוא הנפש המר אשר כל משכבו
נהפך בחליו לא עמד בו טעמו וריחו נמר כל אוכל תתעב נפשו
ותגיע עד שערי מות חם לבו בקרבו בהגיגו תבער אש ראשו ואיבריו
כבדים עליו יתנכר במעלליו רואה כאחד את הבית והעליה ושעריו יכת
שאיה חלאים רעים ונאמנים סבבוהו הכל נחשב כנגדו כאפס ותוהו
לכן אנחנו מצלנן האדנא אקצירא ואמריעא אנא יי הושיעה יי חננהו
רפאה נפשו כי חטא לך היה בכסלו ושמור רגלו מלכד כי עליך יעזוב
חילך יהסיר יי ממנו כל חולי וכל מדוי מצרים הרעים לא ישימם בו
ונתנם בכל שונאיו ' והולכים לתומם קרואים : כל כלי יוצר עליו לא
יצלח וכל לשון תקום אתו למשפט תרשיע וחץ כבודם יפלח ועין יי
תהיה אל יראיו למיחלים לחסדו להציל ממות נפשם ולחיותם ברעב
ולא תשלם לו כפועל ידו האל המלך היושב על כסא רחמים הבורא
עולמו

יי גאט דוא דער בארמיגער אונ לייט זעליגער הער צו דאס גיבעט וואס דיינע
קנעכט בעטן פאר דיר פון וועגן דער וואס ליגט צו בעט גליך וויא מען האט
אים גיבראכט פאר דעם ריכטער צו משפטין אים גיך אונ באלד גליך וויא דיא
שאטינס וואס אנטלופין גיך ' ער איז דער פאר ביטרטער לייב וואס זיין גאנץ
גלעגר איז ווארין פאר קערט אין עין קראנקהייט זיין גישמאק מיט עין ריח איז
ניט גבליבן שטיין אין אים אלערלייא עסין טארג האט זיין לייב פר אום ווערדיגט
אונ איז גרייכט ביז דיא טויערן פון טוט ' זיין הארץ איז דער היצט אין אים
אונ אין עין גדאנקן ברענט דאס פייער ' זיין קאפ מיט זיינע גלידער זענען אויף
אים שווער ער איז וואונדרליך אין זיינע ווערקין ' ער זעהט אלץ ארום דאס הויז
אונ דעם בוידים זעהט ער אז דאס וויסטיקייט האט עם גטאן שלאגען ' בייזע
קראנקהייט אונ ווארהאפטיגע האבין אים ארום גירונגעלט אלץ וואס ער האט
ווערט ביי אים גרעכינט פאר גישט דרום טוען מיר היינט בעטן פאר דיא קראנקע
אונ שוואכע איך בעט דיך גאט העלף אים ' לייט זעליג אים הייל זיין לייב ווען
ער האט קעגין דיר גזינדיגט ' זייא מיט אים אין זיינע גידאנקין אונ היט זיינע
פיס פון גישטרויכילט צו ווערן ' דען אויף דיר פאר לאזט זיך דיין פאלק ' אונ
גאט זאל פון אים אפ טאן אלע קראנקהייט אונ אלע בייזע וויטאג פון מצרים אונ
דיא וואס גייען אין זייער גאנצקייט אונ זענן בטריגט : זאל קיין פאר דער[illegible]
גישעם אים ניט קענן טאן אונ דער וואס וועט אויף שטיין קעגן אים צו משפט
זאלבסט

שלמו במדת הרחמים ולא החסד והרחמים ומתנהג עם ברואיו במדת רחמים מטה כלפי חסד ורחמים הפודה ומציל המפליא חסדיו להועיל האחד ואין זולתו ומושיע ואין בלתו הגוזר ואומר ויקים נואמו · האחד ואין שני עמו הקרוב לקוראיו ועונה לעתות בצרה את יראיו . הוא יתמלא רחמין טבין עלינו ועל כל עמו בית ישראל השרוים בצער ובצרה ובכללם יזכור ויפקוד ויחמול וירחם ויציל ויעזור ויגן ויושיע וירפא פלוני השרוי בצער ובצרה שוכב על ערש דוי ושואל מאת יי אלהיו צדקה וחסד ורחמים וחיים ושלום וחן ומרפא וארוכה ירחמנהו עושהו ויוצרו יחוננהו יסובבנהו יצרנהו כאישון עינו יחוננהו · ויאמר פדעהו מרדת שחת מצאתי כופר · מלך מלכי המלכים ברחמיו ירחמהו ויקים בו מקרא שכתוב כי אל רחום יי אלהיך לא ירפך ולא ישחיתך ולא ישכח את ברית אבותיך אשר נשבע להם ונאמר כרחם אב על בנים רחם יי על יראיו חנון ורחום יי ארך אפים וגדל חסד מלך מלכי

זאלסטו אים בשולדיגן אונ דיא פייל זאל צו שפאלטן זייער לעבער אונ גאטס השגחה זאל זיין איבער דייגע פארכטיגר צו דיא וואס האפן צו זיין גינאד צוא בשירמען זייער לייב פון דעם טוט אונ זיא צו דער נערין אין הונגער · אונ די גאט וואס זיצט אויף דר בארמיגר שטול זאלסטו אים ניט בצאלין אזו וויא זייגע מעשים · דר וואס האט בשאפן זיין וועלט מיט דער מדה פון דער בארימקייט · אונ בייא אים איז דיא גנאד אונ דאס דר בארמקייט אונ ער פירט זיך מיט זייגע בשעפניש מיט דר מדה פון דער בארימקייט דר וואס לייזט אוס אונ בשערימט זייגע וואונדערליכע גנאד בווייזט ער ווען ער וויל איינעם העלפין אונ קיין אנדרר איז ניט פאר האנדן חוץ אים · אונ ער קאן העלפין · קיינער ניט נאר ער אליין אונ ניט קיין אנדרר · דער וואס איז גוזר אונ זאגט אונ איז מקיים זייגע רייד · ער איז איינער אונ קיין אנדרער איז ניט פר האנדן מיט אים דעם וואס איז נאהינט צו די וואס רופן אים אונ ענטפערט צו זייגע פארכטיגע צו דער צייט פון לייד · דער גאט זאל ווערן דר פילט מיט גוטע רחמנות אויף אונז אונ אויף גאר זיין פאלק ישראל · אונ אין זייער כלל זאל ער גידענקין אונ זאל זיך דער בארמען אונ בשירמען אונ העלפין אונ בשיצן אונ זאל היילן דעם פלוני בן פלוני וואס ער רוהט אין צער אין לייד וואס ער ליגט אויף זיין קראנקין בעט · אונ בעט פון גאט זיין גאט צדקה אונ חסד אונ דער בארימקייט אונ לעבן אונ פריד אונ חן אונ איין רפואה · זיין בשעפר זאל זיך דער בארמען איבר אים אונ זיין פארמשר זאל אים לייט זעליגען ער זאל אים ארום רינגלען אונ זאל אים היטען וויא דאס

המלכים ברחמיו יענהו כדכתיב יענך יי ביום צרה ישגבך שם אלהי יעקב ישלח עזרך מקודש ומציון יסעדך יזכור כל מנחותיך ועולתך ידשנה סלה יתן לך כלבבך וכל עצתך ימלא לא תאונה אליך רע ונגע לא יקרב באהליך כי הוא יצילך מפח יקוש מדבר הוות מלך מלכי המלכים ברחמיו וברוב חסדיו יסיר ממנו כל חולאים רעים ויפדה נפשו מני שחת וחיתו באור יראה יעתר אל יי וירצהו וירא פניו בתרועה וישוב לאנוש צדקתו פדה נפשו מעבור בשחת וחיתו באור תראה להשיב נפשו מני שחת לאור באור החיים מלך מלכי המלכים ברחמיו וברוב חסדיו יגזור עליו גזרות טובות ויבטל מעליו כל גזרות קשות ורעות וירפא את מכותיו ואת מכאוביו ויסלח לכל עונותיו ויכפר כל פשעיו ויאריך ימיו ושנותיו ויחדש כנשר נעוריו ויקיים בו מקרא שכתוב ותגזר אומר ויקם לך ועל דרכיך נגה אור כי אורך ימים ושנות חיים ושלום יוסיפו לך · ונאמר כי בי ירבו ימיך ויוסיפו לך שנות חיים ושלום כי חיים הם למוצאיהם

שווארץ אפיל פון זיין אויג · ער זאל אים לייט זעליגען אונ זאל זאגין איך האב אים אויס גילייזט פון צוא ניחרין אין גרוב איך האב גפונען פאר אים איין אויס לייזונג · דער קונת איבר אלע קיניגען מיט זיין רחמנות זאל ער זיך איבר אים דער בארמען אונ עס זאל מקוים ווערן אין אים דער פסוק וואס שטייט גישריבן דען גאט דיין גאט אין אדער בארמיגער גאט ער וועט דיך ניט שלאפן אונ וועט דיך ניט פאר דארבן אונ וועט ניט פאר געסין אין דעם פר בונד פון דיינע עלטרין וואס ער האט צוא זייא גישווארין · אונ נאך איז ווארין גיזאגט אין פסוק גלייך איין פאטר דער בארימט זיך איבער זיינע קינדר אזו טוט גאט זיך דער בארימען איבר זיינע פארכטיגע גאט ב״ה איז איין חנון אונ איין דער בארמיגר ער האלט אויף דעם צארין אונ טוט גרוסע גינאד · דער קיניג איבער אלע קיניגען מיט זיין רחמנות זאל ער אים ענטפערין אזו וויא עס שטייט גשריבן גאט ב״עטה ווי דיר ענטפערען אין דעם טאג פון לייד · דער נאמין פון דעם גאט פון יעקב וועט דיך שטארקען · ער וועט שיקן דיין הילף פון דיא היילגקייט אונ פון ציון וועט ער דיך אונטער לענען · ער וועט גידענקין אלע דיינע קרבן מנחות אונ דיינע פעטע קרבן עולות טוט ער גידענקין אויף אייביג · ער וועט דיר געבען וויא דיין הארץ בגערט אונ אלע דיינע ראט וועט ער דער פילן · עס וועט ניט טרעפין צו דיר קיין בייז אונ קיין פלאג וועט ניט גנעהנין אין דיין געצעלט דען ער וועט דיך מציל זיין פאר איין שטרויכלונג נעץ אונ מארד אונ ברעכעניש · דוא קיניג איבר אלע קיניגען מיט זיין רחמנות אונ זיין גנאד זאל ער פון אים אפ טאן אלע בייזע

קראנקייטן

למוצאיהם ולכל בשרו מרפא אורך ימים אשביעהו ואראהו בישועתי • מלך מלכי המלכים ברחמיו ירפאהו רפואה שלמה וארוכה של חמלה וחנינה לחיים טובים . ולאריכות ימים • חיים של רחמים חיים של השקט ומנוחה חיים של שלום חיים של ברכה כדכתיב כי אורך ימים ושנות חיים ושלום יוסיפו לך . מלך מלכי המלכים ברחמיו יפתח לו שערי אורה שערי ארוכה שערי ברכה שערי גילה שערי דיצה וישועה שערי הרוחה שערי ועד טוב שערי זכיות שערי חיים טובים שערי ישועה שערי כפרה שערי לב שמח שערי מחילה שערי נחמה שערי סליחה שערי עזרה שערי פדות שערי צדקה שערי קוממיות שערי רפואה שלמה שערי תשועה כדכתיב ותשועת צדיקים מיי מעוזם בעת צרה . ואתם ישיני אדמת עפר דלגו על ההרים כעופר עושו גושו חושו ואת יי דרשו

מכוחכם

קראנקייטין אונ זאל אום לייזן זיין לייב פון דעם גרוב אונ זאל זעהן אין זיין לעשען דאס ליכטיקייט ווידר צו קערין זיין לייב פון דעם גרוב צו ביכטן אין דעם ליכט פון לעבן • דער קיניג איבר אלע קיניגען מיט זיין רחמנות אונ זיינע חסדים זאל ער אוף אים גוזר זיין גוטע גזירות אונ זאל מבטל זיין פון אים אלע שווערע אונ בייזע גזירות • אונ זאל היילן זיינע שלעק אונ זיין ווייטאג • אונ זאל פאר געבן זיינע זינד מיט זייני מיטטייט • אונ זאל דער לענגערין זיינע יארין אונ טעג • אונ עס זאל ווערין בנייאט זיין יוגינט אזו וויא איין אדליר אונ עס זאל אין אים מקוים ווערין דער פסוק אונ דוא וועסט גוזר זיין מיט איין זאג אונ ער וועט מקיים זיין צו דיר אונ אוף דיינע וועגין וועט לייכטן דאס ליכט דען לאנגע טעג אונ לעבדיגע יארין וועט דיר מערין • אונ נאך איז גיזאגט גיוואורין דען דורך מיר וועלין גימערט ווערין דיינע טעג אונ וועלין דיר מערין לעבדיגע יארין אונ פריד • דען זייא זענין לעבן צו דיא דייד פון דער תורה אונ צו גאר זיין לייב זענין זייא איין היילונג • מיט לאנגע טעג וועל איך אים זאט מאכין אונ וועל אים ווייזין אין מיין הילף • דער קיניג איבער אלע קיניגען מיט זיין רחמנות זאל ער אים היילן אגאנצע רפואה אונ איין היילונג פון דער בארמקייט אונ לייט זעליקייט צו חיים טובים אונ צו לנגע טעג • איין לעבן פון דער בארומקייט איין לעבין פון שטילקייט אונ רוה • איין לעבן פון שלום איין לעבן פון ברכה אזו וויא עס שטייט גישריבן דען לאנגע טעג אונ יארין פון לעבן אונ פריד וועט דיר גימערט ווערין דער קיניג איבער אלע קיניגען מיט זיין רחמנות זאל ער אים עפנין דיא טויערין פון ליכט די טוערין פון היילונג די טויערן פון ברכה די טוערין פון פרייד אונ הילף דיא טוערין פון דער וויטעטונג • טוערין פון אגוט איין זאמלונג • דיא

מְכּוֹחֲכֶם שֶׁחָרוּ בַּעֲדוֹ · יִתֵּן רֵיחַ נִרְדּוֹ . וַחֲלוּ נָא פְּנֵי אֵל יוֹסִיף לוֹ יָמִים עַל יָמָיו וְשָׁנִים עַל שָׁנָיו · וְיִתֵּן לוֹ כֹּחַ וַאֱיָלוּת וְיַחֲלִימֵהוּ וְיַבְרִיאֵהוּ · וְיִשְׁמְרֵהוּ וִיחַיֵּהוּ יַזְקִין בָּאָרֶץ גִּזְעוֹ עַד אֲשֶׁר גָּאֹה גָּאָה לְהַעֲלוֹת שָׁמַיִם שִׂיאוֹ וִיחִי עוֹד לָנֶצַח וְלֹא יִרְאֶה שַׁחַת וְלֹא יֶחְסַר לַחְמוֹ וְלֹא יָמוּת לַשַּׁחַת וְאֵל שַׁדַּי יְבָרֵךְ אוֹתוֹ בְּבִרְכַּת שָׁמַיִם מֵעַל וּמִתְּהוֹם רוֹבֶצֶת תָּחַת וִירַפְּאֵהוּ בְּקָרַחַת וּבְגַבַּחַת וְיִזְכֶּה לִרְאוֹת חִבּוּר יְהוּדָה וְאֶפְרַיִם אַחַת אֶל אַחַת אָמֵן :

כט וָוען אַנְדֶערֶי לַייט ווילֶן מִתְפַּלֵּל זַיין פַאר אֵיין גְזוּנְדֶן מֶענְטְשׁ דָאס עֶר שִׁיקְט זֵייא אוֹיף זַיינֶע קִבְרֵי אָבוֹת זָאלִין זֵייא זָאגִין דִיא דָאזִיגֶע תְּפִלָּה :

# הִנֵּה אֲנַחְנוּ מְאַלְּמִים אֲלוּמִים בְּתוֹךְ הַשָּׂדֶה אֲשֶׁר בֵּרְכוֹ יְיָ בְּנִשְׁמוֹת טְהוֹרִים עוֹלִים וְיוֹרְדִים בּוֹ מִן גְּלוֹת עֲלִיּוֹת וּמַעְיָן הַיּוֹצֵא מִבֵּית יְיָ מֵעֵדֶן הָעֶלְיוֹן

וכשאינם

טוֹעֶרִין פוּן זְכִיּוֹת · דִיא טוֹעֶרִין פוּן חַיִּים טוֹבִים · דִיא טוֹעֶרִין פוּן הֵילְף דִיא טוֹעֶרִין פוּן פַר גֶעבּוּנְגִידִי טוֹעֶרִין פוּן אַפְּרֵיילִךְ הָאֶרֶץ דִיא טוֹעֶרִין פוּן טְרֵייסְטוּנְג דִיא טוֹעֶרִין פוּן צְדָקָה דִיא טוֹעֶרִין פוּן הוֹיכְקֵייט דִיא טוֹיעֶרִין פוּן רְפוּאָה שְׁלֵימָה דִיא טוֹעֶרִין פוּן הֵילְף אַזוֹ וְויא עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבֶּן אִין פָּסוּק אוּנ דִיא הֵילְף פוּן דִיא צַדִּיקִים אִיז פוּן גָאט עֶר אִיז זֵייעֶר שְׁטַארְק אִין דֶער צַייט פוּן לֵייד · אוּנ אִיר טוֹיטֶע וָואס שְׁלָאפִין אִין דֶער עֶרְד · שְׁפְּרִינְגְט אִיבֶּר דִיא בֶּערְג אַזוֹ וְויא אֵיין יוּנְגֶער הִירְשׁ צַייְלְט אַייךְ אוּנ גִיגֶעהֶנְט אוּנ פַארְשְׁט גָאט פוּן אַייעֶר קְרַאפְט מֵיינְט מֶען פוּן אַייעֶרִי מַעֲשִׂים טוֹבִים נִיט שׁוֹחַד פַאר אִים דָאס עֶר זָאל אִים ווידֶר גֶעבִּין זַיין גְשְׁמַאקִין רֵיחַ אוּנ בֶּעט פַאר גָאט עֶר זָאל אִים מֶערִין טֶעג. אוֹיף זַיינֶע טֶעג אוּנ אוֹיךְ זָאל עֶר מֶערִין יָארִין אוֹיף זַיינֶע יָארִין · אוּנ זָאל אִים גֶעבִּין קְרַאפְט אוּנ מַאכְט · אוּנ זָאל שְׁטַארְקִין אוּנ גִיזוּנְט מַאכֶען · אוּנ זָאל אִים הִיטֶן אוּנ דֶער נֶערִין אוּנ זַיין צְוַויִיג זָאל אַלְט וֶוערִין אוֹיף דֶר עֶרְד · בִּיז עֶר וֶועט אַזוֹ הוֹיךְ וֶוערִין דָאס זַיין הוֹךְ זָאל גְרֵייכִין בִּיז דֶעם הִימֶל · אוּנ זָאל דֶער נָאךְ לֶעבִּין אֵייבִּיג אוּנ זָאל נִיט זֶעהְן דִיא גְרוּבּ · אוּנ זַיין בְּרוֹיט זָאל נִיט גִימִינֶערְט וֶוערִין אוּנ זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּן צוּ דֶער גְרוּבּ · אוּנ דֶער אַלְמַאכְטִיגֶער גָאט זָאל אִים בֶּענְטְשִׁין מִיט דֶעם בֶּענְטְשׁוּנְג דֶעם הִימֶל פוּן אוֹבִין : אוּנ פוּן דֶעם אָפּ גְרוּנְט וָואס הוֹיאַרְט אוּנְטֶן אוּנ זָאל אִים הֵיילֶן פוּן אַלֶע זַייטֶן אוּנ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהֶן וְויא דִי בַּהֶעפְטוּנְג פוּן יְהוּדָה מִיט אֶפְרַיִם וֶועט ווידֶער זַיין בַּהֶעפְטְ אֵיינְס מִיט דֶעם אַנְדֶרִין אוּנ וָועלִין וֶוערִין אֵיין מְלוּכָה אָמֵן :

הִנֵּה נוּן מִיר זֶענֶען מִיט אַנַנְדֶער פַר בּוּנְדֶן אִין דֶעם פֶעלְד וָוס גָאט הָט גִבֶּענְשְׁט מִיט רֵיינִי נְשָׁמוֹת וָואס גֵייעֶן אַרוֹיף אוּנ אַרָאפּ פוּן הוֹכִי קַאמֶערִין אוּנ פוּן דֶעם

